## אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט

ISBN:0-657-12671-3



# פּאַפּירענע זעגלען

פֿאַרלאַג די גאָלדענע קייט

אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט / פּאַפּירענע זעגלען

פרץ בינשטאק
מייר שטיינער —
מיט ליבשאפט

אלכסנדר שפיגלבלאט
חשון תשל״ב

אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט

# פּאַפּירענע זעגלען

## לידער

הילע און צייכענונגען: ד. גרעבו

פֿאַרלאַג די גאָלדענע קייט
תּל־אָבֿיבֿ, 1973

אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט

פּאַפּירענע זעגלען

Alexander Spiegelblatt

Papirene Zeglen

Poems

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פֿון

ייִדישן שרײַבער־פֿאַראיין אין ישׂראל

Published by DI GOLDENE KEYT

Printed in Israel 1973 נדפס בישׂראל

XA אחדות דפוס אופסט ובלט בע"מ, תל־אביב

## פּאַפּירענע זעגלען

מיט יעדן ליד
לאָז איך מיך אַרויס אויפֿן ים
אַנטפּלעקן
אַ קאָנטינענט,

אָבער ווינטן
צערײַסן
מײַנע פּאַפּירענע זעגלען
און אותיות
פֿאַלן
אַראָפּ
ווי פֿאַרפֿרוירענע שוואַלבן.

## די שעה

די שעה
איז איבערגעוורטערט,
איבערגעציַיטיקט —
אַ ווינט,
און זי וועט אַראָפּפֿאַלן
ווי עפּלבוים־צוויט.

## שפורן אין דער צײַט

קיינער לאָזט ניט איבער
קיין שפורן אין דער צײַט,
ווי טריט
אין ווייכער ליים.

פֿרי און שפּעט
— צוויי רויטע ווונדן —
גייען אויף
און גייען אונטער,
ריטמיש,
ווי דער שטראָם פֿון בלוט.

און די צײַט —
אַ בתולה,
אַ שוועסטער פֿון באַשעפֿער.

## ג ר ע נ ע צ ן

גרענעצן
גייען דורך מיר
ווי לייזער־שטראַלן.

ניטאָ
קיין הינטערלאַנד —
נאָר גרענעצן,
וואָס שנײַדן
און שפּאַלטן
דעם שטח:
אַ מאַפּע
פֿון גרענעצן.

דער פּחד אַליין
פֿאַרמאָגט דעם פּאַראָל
אַריבערצוגיין.

## סענטימענטאַלע רגע

דאָרט ווו עס גייען פֿאַרלוירן מײַנע טריט,
עפֿנט זיך דער מילכוועג אויסברוקירט מיט פֿונקען.
די אייביקייט אייביקט פֿאַרזיך אין דער מיט,
טיף אין איר בלויער ליידיקייט פֿאַרזונקען.

שלעפֿ איך מײַנע יאָרן — אַן אויסטערלישע בריק —
אויסגעבויט פֿאַר מיר אַריבערצוטרעטן,
נאָר עמעצער רופֿט מיך כּסדר צוריק,
מיט וואַסער־מוזיק און מײדל־פֿאָרטרעטן.

ווער איך מיט זיך אַליין סענטימענטאַל
און שווער מיר אײביקע ליבע פֿאַרן שפּיגל.
איך זע ווי ס'גיסט זיך פֿון מילכוועג אַ שטראַל:
הימלישע מילך אין ערדענעם קריגל.

## פֿאַרזשאַווערטע ווײַזערס

פֿאַרזשאַווערטע ווײַזערס
ציִען אַ בריק
פֿון איין מינוט
צו דער אַנדערער.

פֿאַלן שעהען אַרויס
פֿונעם זייגער
ווי אָפּגעשטעמפּלטע
באַנבילעטן
און וואַרפֿן אַראָפּ
דעם לעצטן לבֿוש,
די נאַקעטיקייט —
און טוען אויס
דעם לעצטן קלאַנג
דממה־דקהדיקייט.

## וו ע ר ט ע ר־ע ק ד ה

צעברעקלט די ווערטער
אויף אותיות
און יעדער אות
אויף פּאַסיקלעך,
פּינטעלעך —

ווי קינדער
צענעמען אַ זייגער,
כּדי צו געפֿינען דאָס האַרץ
וואָס קלאַפּט אויס
דעם טיק־טאַק.

וואָרט־בראָכוואַרג
זשאַווערט אויף מייַנע ליפּן
און בענקט צו דעם אַרץ
ווו ס'איז געבוירן.

ווערטער־עקדה —
דער מלאך האָט ווידער
פֿאַרשפּעטיקט.

## בלינדע

בלינדע טרעטן אַריבער אין טויט
מיט ווײַסע שטעקנס,
וואָס שפּאַלטן
די פֿינצטערניש.


GREBU D.

זיי גייען אַריבער
אין אַ צווייטער פֿינצטערניש,
וואָס אפֿשר נאָר זיי,
די בלינד־געבוירענע,
זעען איר קאָליר.

# אָטעם פֿון באַנען

אין שטילע —
פֿון באַרגלופֿט פֿאַרשיכּורטע
זומער־פֿאַרנאַכטן —
צוטוליען פֿלעג איך מײַן אויער

צו פֿראָסטיקע רעלסן
און הערן דעם אָטעם
פֿון באַנען,
וואָס קײַקלען זיך ערגעץ
אַוועק אין דער פֿרעמד.

## מ ע ט אַ ל

אין קלאַנג פֿון מעטאַל
דערהער איך די שפּראַך
וואָס גאָט האָט
אין תּוהו־ובֿוהו גערעדט,
אין ערשטן האַרמאָנישן
גילגול פֿון באַך
און איידער דעם ערשטן
דועט.

אין בלענד פֿון מעטאַל
דערזע איך דאָס ליכט
וואָס שלאָגט דורך טונקעלע
שיכטן אַפּיר
און ווערט אויף פּאַליטרעס
פֿײַכט און געדיכט —
פֿאַרוואַנדלט זיך אין
קאָליר.

## מיטן לעצטן שליטן

איך קום פֿון יריד
מיטן לעצטן שליטן,
איינגעשפּאַנט
שאַגאַלס
אַ רויטן מלאך.

קיין ראָזשינקעס און מאַנדלען
כ'האָב ניט איינגעהאַנדלט.

לויפֿט מיר אַריבער
דעם פֿאַרשנייטן טראַקט
די אָוונטבאַן —
אַ שוואַרצע קאַץ.

קיין ראָזשינקעס און מאַנדלען
כ'האָב ניט איינגעהאַנדלט.

איך קום פֿון יריד
מיטן ליידיקן שליטן,
די גאָלדענע רענדלעך
ברענען אין שניי.

קיין ראָזשינקעס און מאַנדלען
כ'האָב ניט איינגעהאַנדלט.

## דער באַרגטײַך

דורך מײַנע װיסטענישן
ריזלט דער באַרגטײַך
און טראָגט מײַנע װײַסע
פּאַפּירענע שיפֿלעך
גרינג,
איבער טונקל־געקרײַזלטן
שטראָם.

דער טײַך וועט ניט אויסטריקענען
איידערן קומען
צום סוף
און זיך אויסגיסן
ביז צו אַ טראָפּן
אין מיר,
ווי'ן אַ ים.

נאָר די שיפֿלעך וועלן בלײַבן
אין ליידיקן טײַכבעט
און ווער ס'וועט פֿון ווײַטן
דערזען זיי
וועט מיינען
דאָס זענען
אַראָפּגעשאָסענע פֿייגל.

## אחד

,,איד" —
שפּליטער פֿון אָנכי,
אימה פֿון התגלות,
אחד —

אונטערן ריינגעוועב
פֿון טלית,
ווידערקול
פֿון „דו"
אין לידער־קול,
תּהום
פֿון ברוך ה' יום־יום.

## בלאָע שעה

(נאָך איציק מאַנגערס פּטירה)

מאַנגערט דער זייגער
בלאָ־אויס, בלאָ־איַין,
פֿאַלט אַ שאָטן
אין קבֿר אַריַין,
פֿאַלט אַ שטערן
פֿון הימל אַרויס,
מאַנגערט דער זייגער:
די שפּיל איז אויס.

אַ קבֿרן אַ שוטה
— גאָט באַהיט ! —
וויל דעם שאָטן
באַגראָבן מיט
דעם בלאָען קדיש
און דעם געביין,
אונטער אַ ווייַסן
מירמלשטיין.

מאַנגערט דער זייגער :
ערד איז רו,
אַ שאָטן געהערט ניט,
חלילה, דערצו.
שלאָגט אין אָוונט
אַ בלאָע שעה
און עפּנט דאָס קיניגרייַך
פֿון בלאָ,
דאָס קיניגרייַך
פֿון אייביקן בלאָ.

## רויטע בלומען

אין ווייכן מאָרגנליכט
הענגען בלומען,
רויטע בלומען אויפֿן בוים,
גרויסע, רויטע בלומען,
ווי זינגפֿייגל
געקוילעטע.

אין ווייכן מאָרגנליכט
זאָגט נאָך אַ מאָל דער בורא:
כּי טובֿ — ס'איז גוט.
רויטע בלעטלעך
פֿאַלן איינציקווײַז,
ווי גרויסע טראָפּנס
בלוט.

## שוועסטערן־צווילינגען

א

שוועסטערן־צווילינגען,
יונגוואַלד־קטורת,
הייליקע דינערינס
פֿון עשתּורת.

דורך צײַט פֿאַרגילגולטע
און פֿאַרלוירענע,
אויף גלילער בערג
ווידערגעבוירענע.

אַרײַנגעגלידערטע,
ענג פֿאַרקניפּטע,
פֿון טיפֿן מוטערלײַב
פֿאַרליבטע.

אויף ס'נײַ דערוואַכטע
מיט אַלע פֿרילינגען,
ווי ערד געבענטשטע
שוועסטערן־צווילינגען.

שוועסטערן, סאַרנעס,
אויף בערג, אין דער הייך,
אָפּערן קום איך
אויף אײַער מזבח.

ב

פלוצעם ליכטיקט אין שפּיגל
און ס׳דונערט אַ בלאָנד געלעכטער,
אַ גילגול אויף בערג גלילער
פֿון ווײַטע קאַרפּאַטן־טעכטער.

אַ בליץ — און דער כּישוף־שפּיגל
איז טונקל געוואָרן פֿון ס׳נײַ;
ס׳האָבן אין אים זיך פֿאַרלאָשן
יאָרצענדלינגער מײַנע, דרײַ.

אַ בלוט־רויטע שקיעה צעפֿלאַמט זיך
אַנטקעגן דעם הר־תּבור
און פֿון צווישן די וואָלקנס הער איך
שעפּטשען: „דיכטונג און וואָר".

## ר ע ג ן

געקומען דער רעגן:
נאַקעטע טענצערינס,
צוזאַמענגעשוועסטערט
מיט נאַכט און מיט ווינט.

דער וואַלד האָט געפּלאַטערט
געפּאָכעט, געסאַפּעט,
געהויבן דיביימער
צו פֿינצטערער הייך.

די טענצערינס לאַשטשען זיך,
האַלדזן די ביימער,
פּלעכטן צונויף זיך
מיט צווייַגן און שטאַם

און גייען אין איינעם
אַ טאַנץ פֿון פֿאַרליבטע:
הימל און ערד
צוזאַמענגעגאָסן.

געקומען דער רעגן
ביז צו מייַן שוועל
און זיך צעלאַכט
אויפֿן בלעכענעם דאַך.

## איבער קלאַווישן

פֿון שוואַרץ־זײַדענע אַרבלנעסטן
ציִען זיך פֿינגער אַרויס
ווי פֿייגל מיט ראָזעווע שנאָבלען
און פֿלאַטערן איבער קלאַווישן.

◉

איך בין ערגעץ אין מיטן
צווישן פֿלאַם און מעטאַל,
צווישן דאָ און בכלל —
פֿון ליכט אַדורכגעשניטן.

# אַלמנות

דיכטערס שטאַרבן תּמיד איידער...
אַלמנות טראָגן זייערע קליידער
ווי טעאַטער־גאַרדעראָבן,
זאַפּן איַין די האַרבע גיפֿטן
פֿון פֿאַרגניזהווּעטע שריפֿטן —
אין די פֿאַלבן איַינגעגראָבן.

זיי שפּילן כּסדר אויס די עלנט
און פֿילן ניט אַז זיי פֿאַרשטעלן
זיך דאָס קול און די תּנועות
און וואַרט בײַ וואַרט זיי שטאַרבן איבער
יענעמס גאַנג און קלאַנג און פֿיבער,
יענעמס טויט און יענעמס טעות.

## צעשפּליטערטע אייביקייט

טראָג אַרויס די איינזאַמקייט
אין דער פּילקאָליריקער לופט
אויפֿן מאַרק —
אין דער הייסער האַרמאָניע פֿון ליאַרעם —

און זאָל פֿון איר ווערן
צוויי־
און צען־
און טויזנטזאַמקייט:
צעשפּליטערטע אייביקייט.

לייג זי אַרויף אויף די וואָגשאָלן
מיט ציבעלעס,
עופֿות,
אָפּגעברעקלטע זידלווערטער
און שטיקער פֿאַרגליווערטע זון.

עמעצער וועט שוין באַצאָלן,
איידער די לעצטע אַקאָרדן
וועלן אָפּהילכן אויפֿן ברוק
און איינזאַמע טריט
וועלן פֿאַרלעשן זיך
הינטער די טירן.

## אין יעדן בוים

אין יעדן בוים
דרימלט דאָס פֿײַער
וואָס וועט אים
פֿאַרלענדן.

דער צוויט
איז די תּפֿילה
פֿון בוים
פֿאַר זײַן אייגענעם
אַש.

צערן ניט,
גאָט,
פֿאַר מײַן אומגעלומפּערטן
דרש.

## ש ט י ל ק י י ט

כ׳האָב געמאָלן
מיט פּינצטערניש־טינט
אויף פּאַרגליווערטער
שטילקייט,
ווי אויף אַ טאָוול
אַ שוואַרצן.

אַזוי מאָלט מסתּמא
דער רעגן,
בייַ נאַכט,
אויף טונקעלע
וואַסער־שפּיגלען.

איז אַרויס
דער קאַיאָר,
ווי אַ מויד אויסגעצוואָגן
און אויף אַלעמען
אויסגעגאָסן
צעבערס מיט ליכט.

## קאָשמאַר

ער האָט געעפֿנט אַ טיר
פֿון פֿאַרפֿרוירענע שפּיגלען
און מיר געהייסן אַריַינגיין.

נאָר איך האָב מײַן צורה
אין זיי ניט דערקענט, —
געמיינט אַז איך שטיי פֿאַר איקאָנעס
און מוז פֿאַר זיי קניִען.

דער וועג האָט צעשפּאָלטן זיך
אין פֿאַרפֿרוירענעם גלאַנץ
און אָפּגעהילכט
מיט אַ קאַלט געלעכטער.

## װ ע ר ט ע ר ־ ב ר ו נ ע ם

פֿול
דער װערטער־ברונעם
ביז צו די ליפּן.

דאָס וויגליד
„ציגעלע־מיגעלע"
פֿלאַטערט בײַם ראַנד —
אַ זילבערנע זילב,
אַ שׂריד פֿון וואָרט
וואָס פֿאַרלעשט זיך
בנשיקה.

## דאָן קיכאָט

אויף טונקל־פּוסטע ציפּערבלעטער
דרייען זיך פּאַספּאָרנע ווײַזערס,
ווי אָרעמע־לײַט וואָס קלאַפּן
אין טירן פון חרובֿע הײַזער.

גזלנים האָבן אַרויסגעריסן
די צאָלן מיט די שעהען אין איינעם —
ווילן די ווייַזערס ווייַזן
און ווייסן ניט אויף וועמען.

אויף אַזאַ מין ווייַזער כ׳וועל רייַטן,
ווי דאָן קיכאָט אויף זייַן פֿערד —
לאָמיך נאָר זוכן אין אַלטוואַרג
אַ שילד, אַ שפּיז און אַ שווערד.

## א י נ ט י מ ע ר  ה אַ ר ב ס ט

אינטימער האַרבסט.
בלעטערפֿאַל אין וואַזאָנעס.
קום,

לאָמיר זיך איינוווינטערן
קעגן אַלע סכּנות
וואָס לויערן
אויף אונדזער באַלעבאַטישקייט.

קום,
ס׳איז ערבֿ־שפּעט,
ס׳איז צייַט פֿון גנאָד
און פֿון געבעט.

## פ אַ ר ב

די פֿאַרב פֿון זאַכן איז דאָס פֿאַרגליווערטע ליכט
וואָס האָט געשײַנט אויף כּבֿיכולס געזיכט
דעם ערשטן בין־השמשות
נאָך ששת ימי בראשית.

פֿאַרב איז די שפּראַך וואָס גאָט האָט געשענקט
די זאַכן וואָס האָבן נאָך אים געבענקט
דעם ערשטן בין־השמשות
נאָך ששת ימי בראשית.

פֿאַרב איז די מחיצה וואָס גאָט האָט געמאַכט,
אָפּצוטיילן דעם טאָג פֿון דער נאַכט,
כּדי איך זאָל גאָרנישט ניט פֿאַרשטיין
פֿון ששת ימי בראשית.

## עלנט־סקולפּטורן

זקנות —
אויסגעהאַקט
פֿון הייס־געדיכטער
יולילופּט
אין באַלקאָן־קוואַדראַטן:
עלנט־סקולפּטורן
אויף גרויסשטאָטפּאָן.

## שטערן־שוואַנען־געזאַנג

שטערן האָבן הנאה פֿון פֿאַלן,
ווי מענטשן פֿון פֿליִען אין דער הייך.
זייער שוואַנען־געזאַנג
איז אַ ליכטיקער פּאַס אויפֿן הימל.

## האַרבסט

דער האַרבסט —
אַ פּאַרכּישופּט העמדל
אויף אַ שטריק,
צווישן פּאַלנדיקע שטערן.

כ׳נעם אים אַראָפּ
און טו אים אָן
אויף מײַן איבערגעפֿרילינגטן לײַב
און טרײַב די וואַנדער־פֿייגל
אַרויס פֿון די נעסטן.

## נ אַ כ ט ק ו ואַ ר ט י ר

אַלע וועגן פֿירן מיך צוריק צו זיך,
איינרעלסיק, ווי לידער אויסגעטאָן פֿון גראַמען.
אַלע וועגן קומען זיך צוזאַמען
און גייען זיך פֿונאַנד אויף גיך.

דער וואָקזאַל האָט אַלע באַנען אויסגעשפּיגן,
איך האָב זיי געזען אין לעצטן רויך צערינען.
איצט זענען די וויַיזערס אַראָפּ פֿון זינען
און שפּרינגען איבער צאָלן ווי שוואַרצע, ווילדע ציגן.

אַלע וועגן קערן זיך צוריק צו מיר
און מאָנען צײַטווײַליק אַ נאַכטקוואַרטיר.

## ש פ ע ט

דער זייגער
האָט אַוועקגעדרייט
דאָס פּנים —
פֿאַר בושה מסתּמא ;

שוין שפּעט
און ווײַזערס ליגן
נאָך אויסגעצויגן
אויפֿן ליידיקן
ציפֿערבעט...

## ליקוי־זמן

הײַנט װעל איך אפֿשר
שװאַרצן
די װערטער־גרענעץ.

איך זע —
די וואַך איז מיד
און איבער דעם הפֿקר־לאַנד
איז ליקוי־זמן.

# ש אַ ג אַ ל י ש

פֿאַר אַבֿרהם סוצקעווער

דורך דעם צעגליטן אַספֿאַלט
אויף די גאַסן פֿיל איך די ערד,
איר אָטעם, איר טונקעלע גוואַלד
וואָס נערט און צעשטערט און געבערט.

און ס'בריט מײַנע פּיאַטעס די קאָרע
פֿון שטיין מיט פֿאַרגליווערטן פעך,
די פֿיס מײַנע טאַנצן אַ האָרע
אין קעסל אין הייסן פֿון בלעך.

קוק איך אַרויף אין דער הייך
און זע ווי סע נידערט ספּיראַליש
אַ פֿאָדעם פֿון ליכט און פֿון ריח
און פֿליגלט זיך פֿאַרביק, שאַגאַליש

און וועבט זיך אַרײַן אין די הענט מיר
מיט בלוי און מיט רויט און מיט גרין
און כ'פֿיל אויפֿן שטערן ווי ס'ברענט מיך
פֿון שדי די הייליקע שין.

# אינהאַלט